


אבאנאמענטס-פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב-יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל-יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-צייטונג"
נור 5 רובל יעהרליך, האלב-יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל-יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעססע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעססע פיר רוסלאנד:
Издательство „ТУШІЯ"
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".

א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.
ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ-אבטהיילונג:
מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויססענשאפט.
ד"ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס-בילדונג".

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל-יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6. שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-צייטונג"
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20. מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעססע פיר עסטרייך-אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Krakauergasse 12.

Krakau, 8 Juli 1902. Nr. 2 קראקוי, ג' תמוז תרס"ב, (25 יוני א. ס.)

## אינהאלט:



## די פרוי.

(א ביסעל פרויען-פסיכאלאגיע).

איך געדענק א זומער פאר פינף יאהרען: איין אומגעהייער גרויסער זאל אין דער פארשטאדט פון א גרויסער שטאדט. ביי טאג איז דער זאל בעלויכטעט פון דעם ליכט, וועלכעס פאלט אריין דורך די אומצאהליגע פענסטער, און ביי נאכט איז ער בעלויכטעט פון די אומצאהליגע עלעקטרישע לאמפען. אין דעם זאל האבען זיך צונויף געקליבען צוועלף הונדערט פרויען, וועלכע זענען געקומען פון אלע לאנדער פון דער וועלט. פון אייראפא און פון אמעריקא, האלטען איין אסיפה; יונגע פרויען, אלטע פרויען, פרויען פון אלע מינים—און אלע יענע צוועלף הונדערט פרויען זענען אומצופריעדענע, אומגליקליכע נפשות.

פאר וואס?

און יענע צוועלף הונדערט, וועלכע זענען געקומען זייער ביטער הארץ אויסגיעסען און עצות צווישען זיך האלטען און הילף זוכען, זיי אלע זענען געקומען דאך נישט פאר זיך אליין, נור אים נאמען פון אפשר הונדערט־צוויי־הונדערט טויזענד אנדערע פרויען,— און אויך יענע הונדערט־צוויי־הונדערט טויזענד אנדערע פרויען זענען אומצופריעדענע און אומגליקליכע געוועזן.

פאר וואס דענן?

און איך ווייס קלאר: ווענן אלע יענע פרויען וואלטען זיין קאניגינען—אומגליקליכע און אומצופריעדענע נפשות וואלטען זיי פארט זיין. ווענן שלמה המלך וואלט זיין אין אונזער צייט און וואלט האבען זיין בעריהמטען הארעם, און איך וואלט אריין אהין און וואלט זעהען זיינע טויזענד קאניגינען, וועלכע ער האט דארט געהאלטען, יענע מואב׳שע, עמון׳שע, אדום׳שע, צידון׳שע און חתי״שע מאדלעך און פרויען, און אויך יענע טאכטער פונ׳ם מלך פרעה וועלכע ער האט ביי זיך געהאט, און וואלט זיי אויספרעגען און וואלט רעדען מיט זיי און וואלט זיי לאזען דערצאהלען—אומגליקליכע און אומצופריעדענע נשמות וואלט איך אין זיי אלע זעהען.

פאר וואס? פון וואנען שטאמט יענעס ציטטערדיגע, נערוועזע אומצופריעדען־זיין?

איז עס—פרעגט איינע פון די קליגסטע פרויען, וועלכע איך קענן אין דער ליטעראטור—איז עס איינפאך דאס זעלבע אומגליקליך־ און אומצופריעדען־זיין, וועלכעס מיר געפינען יעצט ביים מענשען אים אלגעמיין? איז עס א טהייל פון יענעם אומרוהיגען זוכען און יאגען און לויפען ארויס פון אט יענעם וויסטען פוסטען לעבען, פון וועלכעס עס ווערען געפייניגט און געקוואלט אויך די מאנער פון אונזער יאהרהונדערט? איז עס דאס לעבען אהן א פונק פרייד, וועלכעס עס ליעגט שווער ווי בליי אין די היינטיגע דורות אויף אונז אלעמען, און וועלכעס עס ווייזט זיך נור שטארקער ארויס ביי דער פרוי דערפאר, ווייל איהר נשמה איז ווייכער און חאפט גיכער יעדען איינדרוק? איז עס די תאוה צום לעבען, אהן כח צום לעבען? די תאוה צו פערגניגענס, אהן כח לוסטיג צו זיין? דאס פערלאנגען אלעס גוטע צו האבען, אהן כח דאס גוטע מקבל צו זיין, וועלכעס עס מאכט אין די היינטיגע צייט אונזער גאנץ לעבען מיט אונזערע שמחות און אונזערע געזעלשאפטען און אונזער צוזאמענקומען־זיך אזוי פוסט און וויסט און מיעד?

אבער ניין! ביי פרויען איז פערהאנען עטוואס ספעציעלעס, א ספעציעלווייביש אומגליקליך און אומצופריעדען־זיין! מען פיהלט ביי זיי ארויס עטוואס בעזונדערס, וועלכעס מיר געפינען נישט ביי מאנער, עטוואס וואס לאזט זיי מיט זייער מין און מיט זייער לאגע אין היינטיגער צייט נישט מעהר אין שלום לעבען. נישט איין אלגעמיין־מענשליך ליידען איז עס, נור א בעזונדערע ווייבערשע צרה. גאנץ בעזונדערס האט זיך דאס ענטוויקעלט אין די לעצטע דורות. פרויען האבען פערלוירען זייער ערד אונטער די פיס. אלע פיהלען זיי, אז עס געהט זיי וואס אב. אלע פיהלען זיי אז זייער לעבען איז געווארען אהן אין אינהאלט. זיי מוזען זיך טאג־טעגליך פרעגען: צו וואס לעבען מיר? זיי שטעהען אויף אין דער פריה און פרעגען: וואס דער גלות האט ארויפגעווארפען אויף זייער פנים? ווי מיינט איהר, אונזערע פרויען ווייסען, אז זיי האבען אמאל געשפיעלט א גרויסע ראלע אין אונזער היסטאריע? עס זענען אייך בעקאנט די נעמען פון מרים, דבורה, אסתר, יהודית, חולדה, העלענע און נאך און נאך אנ־דערע?... נאר צו וואס זאלען מיר בלעטערען די אלטע פערפאראשעטע היסטאריע וואס ליגט ביי אייך אין שאפע און די מייז עסען זי, א מעהר לאמיר א קוק טהון, וואס טהוט זיך ביי אונז א צ י נ ד? די בעסטע פרוב פון יעדעס פאלק איז זיינע שרייבערס; די בעסטע מאס — איז די ליטעראטור. פאראן רוסישע, דייטשע, פראנצעזישע, איינגעלשע, פוילישע פרויען וואס שרייבען, ארבייטען פאר זייערע שוועסטער און וואס האבען זיך דורך דעם געקויפט א נאמען אויף דער וועלט און א שענעם נאמען. א סך האבען מיר יודישע פרויען וואס זאלען שרייבען, ארבייטען פאר זייערע שוועסטער?

אמת, פאראן ביי אונז זעהר טאלאנטפאלע יודישע פרויען, וואס ארבייטען, נאר ניט ביי אונז, וואס שרייבען, נאר נישט אין אונזער יודישע שפראך און נישט פון אונזער יודיש לעבען.

ווי אזוי זינגט דארטען די שענע שולמית אין שיר השירים?

„מע האט מיך געשטעלט
כ׳זאל היטען די גערטנער;
מיין אייגענעם גארטען
האב איך ניט געהיט“...

# פעליעטאן.

## א פרעמיע.

פון

**שלום־עליכם.**

(ענדע)

בעקומען פון דער „פרויען־וועלט“ איין איינלאדונג אויף לעקאך און בראנפען — קאן מען זיך פון קיין מצוה הייסט דאס ניט אפזאגען און איך לאז מיך געהן.

געהענדיג טראכט איך מיר: וואס געה איך? וואס איז אייגענטליך די שמחה? מע וויל ארויסגעבען א „פרויען־וועלט“ פ א ר פרויען, א „פרויען־וועלט“, וואו מיר, מאנסבלין, וועלען ארבייטען, שרייבען פאר אונזערע ווייבער, פאר אונזערע שוועסטער און פאר אונזערע טעכטער. א גדולה אויף אונז! איך וואלט א בעל׳ן געוועזן אויף א „פרויען־וועלט“, נאר אויף איין אנדער „פרויען־וועלט“, אויף א „פרויען־וועלט“ פ ו ן פרויען; א „פרויען־וועלט“ וואס דארטען זאלען ארבייטען אונזערע ווייבער, אונזערע שוועסטער, אונזערע טעכטער — אט וואס פאר א „פרויען־וועלט“ איך מיין!

ווי מיינט איהר, אונזערע פרויען וואלט אנגעשטאנען צו האבען זייער אייגענע פרויען־וועלט? ווי מיינט איהר, אונזערע פרויען וואלט שוין צייט געוועזן זיי זאלען אראפווארפען דעם שווארצען שלייער

היינט? זיי לעגען זיך שלאפען ביי נאכט אונ פרעגען: וואס מארגען? דאס מאדעל אינטערעסירען טאטע-מאמע נישט, דאס ווייבעל אינטערעסירט דער מאנן נישט, די מוטער אינטערעסירט דאס קינד נישט. דאס גאנצע לעבען איז ביי זיי געווארען א גרויסער געהניץ. מען לאנגווײלט זיך אים לעבען...

פון וואנען — פרעגט יענע פרוי וועלכע איך האב אויבען דערמאנט — פון וואנען שטאמט יענע בעהאלטענע ברענענדיגע תאוה פון דער פרוי צו דעם מאנן צוזאמען מיט יענעם בעהאלטענעם מיאוס'ן זיך פון דער פרוי פאר דעם מאנן? יענעם נישט-צופריעדען-זיין פון דער פרוי מיט איהר אייגען געשלעכט אונ יענעם וועלען ארויסקומען פון איהר געשלעכט און יענעם וועלען-זיין אין דרויסען אונ איבער דעם געשלעכט, מיט וועלכעם די היינטיגע פרוי קאקעטירט? פון וואנען שטאמט יענע קעלט ביים פערגניגען-האבען אונ יענער חשק, מותר צו זיין אויף דאס פערגניגען? פון וואנען שטאמען אלע יענע נערווען-קראנקהייטען אונ זעלען-קראנקהייטען אונ גייסט-קראנקהייטען אונ אלע יענע ווילדע ליידען פון נישט-בעפריעדיגט-זיין, וועלכע פרעסען אויף דאס לעבען פון דער היינטיגער פרוי? אונ פאר וואס איז דער ווערט פון דער פרוי פאר דעם מאנן אונ איהר ממשלה איבער דעם מאנן אין היינטיגער צייט אזוי שוואך אונ אזוי נישט-זיכער, פאר וואס איז איהר קינדער-האבען אזוי שווער אונ איהרע קינדער אפט אזוי בלייך אונ פערוועלקט, וואהרענד מיר האבען דאך היינט מעדיצינישע תקנות טויזענדמאל מעהר אונ טויזענדמאל בעסערע ווי פריהער? פאר וואס איז דאס לעבען פון מאנן-אונ-ווייב יעצט אזוי טרויריג? פאר וואס איז די ליעבע יעצט אזוי מאטט? פאר וואס האט דאס מאדעל יעצט אזוי וועניג מוטה חתונה צו האבען אונ פאר וואס איז זעהר גאנץ לעבען אזוי וויסט? פאר וואס?

אונ איך קען פון זיי הונדערטע אונ טויזענדע. אוי, ווי גרויס איז די מחנה, א מחנה פון לויטער אומצופריעדענע, וועלכע בעקלאגען זיך דעם גאנצען טאג, מיט ווערטער אונ אהן ווערטער! איך קען א זעלכע וועלכע האבען א מאנן אונ א זעלכע וועלכע האבען איהם נישט; א זעלכע וועלכע האבען קינדער אונ א זעלכע וועלכע האבען זיי נישט; א זעלכע וועלכע זענען צדקה-גבאיתעס אונ א זעלכע וועלכע האלטען זיך קאצלעך אדער הינדטליך אדער קאנאריקעס; א זעלכע וועלכע צייכענען זיך אויס דורך א בעזונדערע קלוגהייט אונ ווייסען פיעל, אונ א זעלכע וועלכע זענען איינפאך אונ האבען נור א האלב וויסען אדער ווייסען גאר נישט. א זעלכע וועלכע זענען דינן ווי די שפאנדלעך אונ פאהרען קיין פראנצענסבאד, אונ א זעלכע וועלכע זענען גראב ווי די יאטקע-קלאצער אונ פאהרען קיין מאריענבאד; א זעלכע וועלכע זענען שאן ווי דער טאג אונ זענען אין אלע געזעלשאפטען, אונ א זעלכע וועלכע זענען נישט שאן אונ זיצען אייביג הינטער דעם אויווען; א זעלכע וועלכע פאהרען אין אוניווערסיטעטען אונ האבען קורצע האר, אונ א זעלכע וועלכע מאכען גלאט רייזען; א זעלכע וועלכע האבען א געוויסע בעשאפטיגונג, אונ א זעלכע וועלכע ווייסען נישט ווי אזוי די פיער אונ צוואנציג שעה א דורך צו שטופען; א זעלכע וועלכע עס לייענען שמר'ס ראמאנען אונ א זעלכע וועלכע עס לייענען גי דע מאפאסאן אונ פרעוואָ; א זעלכע וועלכע זיצען דעם גאנצען טאג פאר דעם קלאוויר אונ זענען נישט מוזיקאליש, אונ א זעלכע וועלכע זענען

---

אך, ליעבע שוועסטער! אין וואסערע גערטנער זענט איהר שוין ניט אויסגעווען? וואו האט איהר נישט געזייעט, וואו האט איהר ניט געשניטען? נאר אונזער גארטען, אונזער אייגענער גארטען שטעהט פערלאזט, פערוואקסען, דערנער טהוען שפראצען פון דער ערד אונ פערמיסטיגען, פערברודיגען אונזער שטיקעל גוטס...

אט אזעלכע אומעטיגע מחשבות זענען מיר געקומען אויפ'ן קאפ בשעת איך בין געגאנגען צו דער „פרויען-וועלט" אויף דער שמחה. איך האב אלץ געקלעהרט, געקלעהרט, מיט וואס למשל רופט מען ארויס א אינטערעס ביי אונזערע שוועסטער צו אונזער גארטען, צו אונזער ליטעראטור? בעקענען זיך מיט א ליטעראטור בעדארף מען קודם-כל זיך בעקענען מיט דער שפראך, מיט דער היסטאריע אונ מיט'ן לעבען אליין — איהר ווייסט? ס'איז איין אומעטיגער עסק! געה לערען איין אלטע שפראך לשון קודש וואס קיינער רעדט ניט אויף איהר! שוין גלייכער פראנצויזיש... געה לייען היסטאריע, וואס איז פול מיט בלוט אונ מיט טרעהרען, מיט צרות, מיט גלות, רדיפות, רציחות אהן איין עק, אהן א שעור — שוין גלייכער א בלוטיגען ראמאן!... געה פערשטעה זשארגאן, א שפראך וואס האט ניט קיין גראמאטיק, קיין נשמה, קיין לייב אונ לעבען!...

איך האב א בעקאנטען, וואס האט פיינט זשארגאן, ער קאן ניט הערען ווי מע רעדט אויף איהם.

— וואס האט איהר צום זשארגאן? — האב איך איהם אמאל א פרעג געטהון — וואס האט ער אייך געטהון?

האט ער מיר דערצעהלט אזא מעשה: ער איז אמאל געווען אין דער ליטא, ערב שבת איז דאס געווען, אויף איין אכסניה. פלוצים הערט ער א געשריי אין קעך, א געפילדער, א קוויטשעריי, גלייך ווי מע וויל עמיצען קוילען. ניט טוידט ניט לעבעדיג לויפט ער אוועק אין קעך אריין אונ טרעפט די בעל-הבית'טע שטעהט, איך בעט איבער אייער כבוד, איבער א לאקשענטעפיל אונ שעלט די דינסט מיט טוידטע קללות אונ קוויטשעט:

— סטייטץ, א הולטייקע קען: איך געב איהר סמאלץ, איך געב איהר האניג, איך געב איהר לאקשען, זי זאל מאכען א קוגעל, געהט זי אונ צעקוואצקעט, אונ צעפיאצקעט, אונ צעסמאצקעט, אונ צעפראצקעט, אונ צעקראצקעט...

דערהערט אזא לשון האט מיין בעקאנטער געזאגט: ווי באלד אז מע קאן נעמען א קוגעל אונ מע זאל איהם צעקוואצקען אונ צעפאצקען, צעסמאצקען אונ צעפראצקען אונ צעקראצקען בעדארף מען פון אזא שפראך אנטלויפען.

נאר וואס געהער זיך דאס אן מיט דער „פרעמיע"? גאר נישט; דאס איז גלאט אזוי זיך א מעשה, פערבייגעהענדיג; א יודישער מחבר אונ ווייבער האבען דאך אין זיך נייען מאס רייד...

מוזיקאַליש און שפּיעלען קיינמאל נישט; אַ זעלכע וועלכע שטעהען אויף אין דער פריה און חאַפּען זיך צום בוך, און אַ זעלכע וועלכע נעהמען אַ בוך און שלאָפען אויף דער שטעל ביי איהם איין; אַ זעלכע וועלכע האָבען אַ זיסען שמייכעל אויף די ליפּען און גיפט אין אַלע אָדערן, און אַ זעלכע וועלכע האָבען אַ געל פּנים מיט גסיסה-אויגען און איין עביגע ליעבע אים האַרצען; אַ זעלכע וועלכע זענען נאַאיוו און רעדען אויסגעלאַסענע דבורים, און אַ זעלכע וועלכע האָבען צניעות-פּנימ'ר און זענען פערדאַרבען מיט הויט און ביינער; אַ זעלכע וועלכע זענען ריין און אַ זעלכע וועלכע האָבען געזינדיגט; אַ זעלכע וועלכע לאַכען הויך און זענען פול טרעהרען, און אַ זעלכע וועלכע וויינען שטאַנדיג און עס אַרט זיי גאר נישט,—און אַלע, אַלע געהט זיי וואס אָן; אַלע, אַלע פיהלען זיי אַז זייער לעבען איז פּוסט, און אַלע, אַלע קלאָגען זיי אַז מען האָט זיי גענאַרט, און מען האָט פון זיי געגזלט דאָס לעבען און מען האָט זיי געגעבען אַ געפּאַלשט לעבען, און אַלע, אַלע פיהלען זיי אַז זיי זענען אָהן ציעל, אָהן אינהאַלט, אָהן האַפנונג, און אַלע, אַלע שרייען זיי געוואַלט איבער זייער אייגען מין און איבער זייער לאַגע.

איך זאָג מין און לאַגע. דאַדורך וואָס זיי בעקלאָגען זיך איבער זייער מין, ווייזען זיי, אַז דער גרונד פון זייער ליידען איז אַ פּסיכאָלאָגישער, אַ זעלכער וועלכער ליעגט אין זייער אייגען נפש, און דאַדורך וואָס זיי בעקלאָגען זיך איבער זייער לאַגע, ווייזען זיי, אַז דער גרונד פון זייער ליידען איז אַ סאָציאַלער, אַ זעלכער וועלכער ליעגט אין זייער שטאַנד וועלכען זיי האָבען אין דער מענשליכער געזעלשאַפט.—אויס ביידעס צוזאַמען האָט זיך ענטוויקעלט די פרויען-פראַגע.

און אַלע יענע שטומע אומגליקליכע בעשעפּענישען, אַלע יענע מיליאָנען וועלכע זיינען ווי די שאָטענס אַרום געשוועבט און האָבען ווי די שאָטענס געשוויגען גאַנצע יאָהר-הונדערטע, זיי האָבען פּלוצלינג בעקומען לשון,—רעדענדיג-לשון אָדער שטומם-לשון! אַמאל ברענט דאָס וואָרט ווי פייער אויף די גליפּעדיגע ליפּען, און אַמאָל שיעסט עס אַרויס אויס די הוילע אויגען און ליעגט אַרויסגעגאָסען אויף דעם בלייכען פּנים. אוי, וואָס מיר ליידען, אוי, וואָס מיר ליידען! ווען איינער וואָלט קענען דאָס אַרויס רעדין וואָס מיר פיהלען איהם האַרצען!...

און ענטוויקעלט האָט זיך די פרויען-פראַגע און געוואָרען איז די פרויען-עמאַנציפּאַציע. פרויען ווילען זיך עמאַנציפּירען; זיי ווילען זיך הייסט עס בעפרייען.

פון וואָס? פון וואָס ווילען זיי זיך פריי מאַכען?

פון מאַן? פון זיך אַליין? פון דעם וואָס זיי זענען פרויען?

אַרנע גאַרבאָרג זאָגט: די פרוי האַלט פאַר נאַריש דעם מאַן און דער מאַן האָט רויהע, ווילדע מחשבות איבער די פרוי. די פרוי, ווייל זי איז אין אַ גרעסערע סכנה, האָט געפרובט אַליין, ווי ווייט זי קען, זיך אַרויס צו ראַטעווען אויס יענעם שמאָלען געסעל. נאַטירליך האָט דאָס געפרובט די „פרוי מיט געדאַנקען". דאָס איז די עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי, אַזוי ווי זי האָט זיך באמת ענטוויקעלט. נאָך דעם ווי זי האָט חרוב געמאַכט אַלע לענדער אין צפון, קריעכט זי יעצט אויך איבער מיטעל-אייראָפּאַ. אָבער די עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי בעווייזט אַז די פרוי האָט אָנגעהויבען מספק צו זיין אין זיך אַליין אַלס פרוי.

דאָס שלעכטע אָבער פון דער זאַך איז, דאָס צום גרעסטען טהייל האָבען נור מענער איבער די פרויען געשריבען, און מענער, זיי

בקיצור איך בין געגאַנגען אין אומעטיגע מחשבות און אַלץ געקלערט, וואָס פאַר אַ מיטעל געפינט מען אויף דער וועלט מע זאָל פּאָרט אויפוועקען אין אונזערע שוועסטער אַ געפיהל צו אונזער ליטעראַטור? איך האָב אַזוי לאַנג געקלערט ביז איך האָב פּאָרט עפּיס דערקלערט, איך בין געפאַלען אויף איין עצה: אַ פּרעמיע! מע בעדאַרף בעשטעלען אַ פּרעמיע פאַר דער פרוי, וואָס וועט זיך מיט עפּיס אויסצייכענען אין אונזער יודישער ליטעראַטור. יאָ, אַ פּרעמיע, אַ פּרעמיע!

וואָס אָבער פאַר אַ פּרעמיע קלערט מען צו? געלד? ניט אַלע פרויען האָבען אַזוי ליעב געלד; איך קען אַזעלכע ווייבער וואָס האָבען פיינט געלד: וויפיל מע זאָל זיי ניט געבען קיין געלד — טראָגען זיי דאָס אַרויס אויפ'ן מאַרק און בערוהיגען זיך ערשט דעמאָלט ווען זיי בלייבען אָהן אַ פיער... צוזאָגען פאַר אַ פּרעמיע בריליאַנטען? ניט אַלע פרויען געהען אַזוי אויס נאָך בריליאַנטען; איך קען אַזעלכע דאַמען וואָס האָבען פיינט בריליאַנטען; זיי ווערען אָנגעצינדען אַז זיי דערזעהען ווי די אַנדערע דאַמע האָט זיך „בעהאַנגען" מיט בריליאַנטען.

— געפעלט אייך איזאַבעלע מיט די „צוויעבעס" וואָס זי האָט זיך אָנגעהאַנגען אין די אויהרען!

— עס פּאַסט איהר צום פּנים!...

— אַנקוקען קאַן איך ניט קיין בריליאַנטען!

— איך זאָל זיין אַ קייזירין וואָלט איך סקאַסעוועט, פערבאָטען, געמאַכט אויס מאָדע בריליאַנטען!

וואָס זשע פאַר אַ פּרעמיע קלערט מען צו, אַ פּרעמיע וואָס אַלע פרויען זאָל דאָס וועלען? איך האָב מיר לאַנג דערויף געבראָכען דעם קאָפּ ביז גאָט האָט מיר געהאָלפען איך האָב געפונען די אמת'ע פּרעמיע פאַר דער „פרויענוועלט". איך מאַך נישט קיין לאַנגע שיחות און לייג דאָ פאַר אַלע פּונקטען, ווער און ווי אַזוי מע קאַן בעקומען די דאָזיגע פּרעמיע:

### א) די תנאים פון דער פּרעמיע:

I. די פּרעמיע קאַן בעקומען נאָר יענע פרוי וועלכע וועט צושטעלען אין דער רעדאַקציע פון דער „פרויענוועלט" צוויי ווערק: איינס אַ היסטאָריש, געשריבען אין אַ ריינער העברעישער שפּראַך אונטער דעם נאָמען געשיכטע פון די בעסטע יודישע פרויען. דאָס אַנדערע ווערק בעדאַרף זיין געשריבען אין פּראָסט יודיש, וואָס מע רופט דאָס זשאַרגאָן, אַ ראָמאַן פון דער איצטיגער יודישער פרוי, גענומען פונ'ם אמת'ען יודישען לעבען, שען און הומאָריסטיש געשריבען.

II. צייט אויף די דאָזיגע צוויי ווערק גיט זיך צוויי יאָהר, גערעכענט פון היינטיגען טאָג ביז אם ירצה השם איבער צוויי יאָהר אין דער צייט.

III. דאָס כתב-יד (מאַנוסקריפּט) בעדאַרף צו געשטעלט ווערען אין דער רעדאַקציע אין צוויי ריין איבערגעשריבענע עקזעמפּלאַרען

זאלען נאך אזוי טיעף אריין געהן אין די זאך, זעגען נישט אים שטאנד יענעם געפיהל, וועלכעס ליעגט אים הארצען פון דער פרוי, ארוים צו רעדען. מענער, וועך זיי שטרעבען זיך אן געערכט צו זיין, קענען העכסטענס נור דעם ערשטען טהייל פון דער פראגע, דעם סאציאלען גרונד פון דעם אומגליק דערקלערען. אזוי לאנג ווי עס איז נישט אויפגעשטאנען צווישען פ וויען א פרוי, א שרייבערין, וועלכע פיהלט ווי זיי און רעדט ווי זיי און איז אים שטאנד דעם גרויסען קרעכץ פון איהרע מיליאנען שוועסטער ארוים צו רופען אין די וועלט אריין, אז אלע אויהערען זאלען הילעכען און אלע הערצער זאלען ציטערען, וועלען די מענער קיין קלארען בעגריף נישט האבען פון דעם וועלכעס יענע אומגליקליכע ליידען. דען נור א פרוי האט זיי אלעמען געזעהן און גערעט מיט זיי און געלייענט אין זיי, ווי דער מאנספערשוין קען זיי קיינמאל נישט זעהן און רעדען און לייענען. נור די פרוי קוקט אן א פרוי מיט יענעם בליק פון א גלייכען חברה-מאן, וועלכער דערקענט איינעם דעם צווייטען דורך א געוויסען צייכען וואס אנדערע זעהן גאר נישט. נור די פרוי לייענט אין דער פרוי יענע קבלה-אותיות פון אלעם וועלכעס איז מיט איהר געשעהען, אותיות פול מיט סודות, וועלכע מענער פערשטעהען נישט, און וועלכע די פרויען פערשטעהען זיי אלע, קלוגע און נארישע צוגלייך, א שפראכע, וועלכע די מענער בלייבען אלעמאל דערשראקען פאר איהר שטעהען, די קלוגע און די נארישע מענער צוגלייך. די פרוי קען זיי אלעמען מיט זייער געשיכטע, די געשיכטע וועלכע זיי דערצעהלען און די וועלכע זיי דערצעהלען נישט און די וועלכע זיי דערצעהלען פאלש, דען זי איז א פרוי ווי זיי און א טאכטער פון דערזעלבער צייט".

און אזוי א פרוי איז ענדליך אויפגעשטאנען צווישען זיי. זי הייסט לויראַ מאַרהאָלם.

איך לייען איהר בוך „פסיכאלאגיע פון דער פרוי", איך לייען פון איהר „דאס בוך פון די פרויען" און „די פרויען און די דיכטער" און איהרע אנדערע זאכען און קען מיך נישט גענוג אויסוואונדערן איבער אלעם וועלכעס זי זאגט אונס.

איך וויל פרובען אין א סעריע פון ווייטערע ארטיקלען איהרע געדאנקען, אדער בעסער, איהרע געפיהלען, צו בעלויכטען.

דוד פרישמאנן.

---

# די פרויען-וועלט.

## I.

## אלגעמיינע נייעס.

(פרויען דאקטוירים) די רוסישע רעגירונג האט ערלויבט צוצולאזען צום דאקטאר-עקזאמען פרויען, וואס האבען בעקומען אין אויסלאנד דעם דיפלאם פון דאקטאר-מעדעצין, און ווילען זיך עקזאמינירען אין רוסלאנד כדי דארטען צו בעקומען דעם אייגענעם דיפלאם.

(א מחלוקת וועגען נעגער-פרויען) ביי דער הויפט-פערזאמלונג פון דער „אלגעמיינער פרויען פעראיין", וואס דארף קירצליך זיין אין נויארק, וועט פארקומען די פראגע, אויב מען זאל נעגער-פרויען אויך אריינגעהמען אין פרויען-פעראיין. אנדערע פרויען ווילען דורכאוים, אז עס זאל קיין שום חילוק נישט זיין צווישען ווייסע איירא פאישע און שווארצע נעגער-פרויען. דערפאר אבער סטראשען אנדערע, אז זיי וועלען אין גאנצען אויסטרעטען פון פעראיין, אז מען וועט צונעהמען נעגער-פרויען.

---

מיט'ן בילד פון דער פרוי מיט א קורצע ביאגראפיע פון איהר לעבען, וואו זי איז געבוירען, וואו זי האט זיך געלערענט און ווען און ווי אזוי האבען זיך ארויסבעוויזען איהרע טאלענטען און איהר חשק צו לערנען יודישע היסטאריע און יודישע ליטעראטור. (נאטא בענע: אויב די פרוי אדער דאס פרייליין האט א דיפלאם פון א גימנאזיע, קאן זי צושטעלען דעם דיפלאם אויך; און טאמער האט זי ניט קיין דיפלאם איז אויך אהן איין אומגליק, — איך קען אזעלכע וואס האבען ניט קיין דיפלאמען, פון דעסטוועגען קאנען זיי קיין צוויי ווערטער ניט אנשרייבען ווי עס געהער צו זיין...)

### ב) די פרעמיע גופא:

IV. פאראן ביי מיר א גוטער בעקאנטער, א דאקטאר פון סך הכל עטליכע און צוואנציג יאהר, מיט עטליכע דיפלאמען: ער איז דאקטאר מעדיצין, דאקטאר פילאזאפיע, אינזשענער און יוריסט, גע-ענדיגט קאנסערוואטאריום אין וויען, שען ווי די זונן, גוט געבויעט, הויכע וואוכס, דאס פנים וייס ווי געפאלענער שניי, שווארצע אויגען, שווארצע האר, זינגט און שפיעלט וויאלין און קלאוויר, בעזיצט עט-ליכע שפראך, א שענער העברייער, א רעכטער תלמודיסט, א זעל-טענער רעדנער, שרייבט אויסגעצייכענט אין עטליכע זשורנאלען, קלוג ווי דער טאג, גוט און איידיל אהן איין ערך און אהן א שעור, עהרליך ביז גאר, נישט קיין פראלער, האט פיינט א ליגען, שטיל ווי א טויב, שפיעלט אין שאך, טאנצט ווי א מיידיל, פאהרט רייטענדיג אויפ'ן פערד און אויפ'ן וועלאסיפעד, א גרויסער פאמיליאנט, האט נישט איין ארעמען קרוב אין דער משפחה, א גרויסער פילאנטראפ, איין אמת'ער בעל צדקה, א הייסער יוד א פייעריגער נאציאנאליסט, א ברענענדיגער ציוניסט, א גרויסער גביר, האט אייגענע הייזער אין אלע גרעסטע שטעדט און אסך געלד אין אלע בייגק, זיצט ווי א שררה, פאהרט ארוים ווי א פירשט און צו די אלע מעלות איז ער נאך א בחור אויך און וויל חתונה האבען דווקא פאר אזא פרוי, וואס זאל זיך אויסצייכענען אין דער יודישער ליטעראטור, זי מעג זיין איין אלמנה אדער א גרושה, א מיידיל ארט איהם אויך ניט... די וואס וועט צושטעלען די אויבענדערמאנטע ווערק אין פערלויף פון צוויי יאהר און ווי באלד די רעדאקציע וועט געפינען אז זיי זענען די בעסטע און פערדינען די פרעמיע, — נעמט ער זי אזוי ווי זי שטעהט און געהט.

אט דאס איז נאך מיין מיינונג דאס איינציגע מיטעל, מיט וועלכען מיר קאנען ארויסרופען ביי אונזער שוועסטער דעם חשק צו לערנען יודיש און צו אינטערעסירען זיך מיט דער יודישער וועלט און מיט דער יודישער פרויען-וועלט.

מיינע ליבע פרויען! אויב דאס וועט אייך אויך ניט נעמען, — וויים איך שוין ניט וואס עס וועט אייך נעמען!...

1 אפריל 1902.

(פרויען אינספעקטארען) אין לאנדאן זענען פיער פרויען געווארען אינספעקטארען אבצוהיטען דאס געזונדהייט פון פאלק. אין דער שטאדט בעלפאסט זענען אויך צוויי פרויען געווארען אינספעקטארען.

(פרויען אדוואקאטען.) אין מערילענד (ענגלאנד) האט מען ערלויבט פרויען צו זיין אדוואקאטען.

(א גזרה אויף חתונות.) דער געמיינדע־ראט אין א קליין שטעדטיל אין האלאנד האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז די לעהרערינען, וואס האבען בדעה חתונה צו האבען, זאלען דריי חדשים פריהער זיך אבזאגען פון זייער שטעלע. דער לעהרערבונד אין האלאנד האט באלד געשיקט א בקשה צו דער קעניגין, זי זאל דעם דאזיגען בעפעהל מבטל זיין, ווייל דאס איז געגען די געזעטצע פון לאנד.

(א פרוי א מאגיסטער.) אין מאסקווער אוניווערזיטעט האט מען צוגעלאזען דאס פריילין ליובאווא זאפאלסקא צום מאגיסטער־עקזאמען און זי איז איצט דאקטאר מאגיסטער פון מאטהעמאטיק.

— (א נייע פרויען־צייטונג.) אין קאירא (ארמעניען) געהט ארויס א נייע צייטונג „ארטעמים" פאר ארמענישע פרויען. דעם בלאט רעדאגירט איינע ארמענישע פרוי.

II.

## יודישע נייעס.

— (א נייע חברה) אין יעקאטערינאסלאוו איז די צייטען גע־גרינדעט געווארען א חברה מיט דעם נאמען: „א חברה צו העלפען ארימע נויטבעדערפטיגע יודישע פרויען".

— (פרויען בילדונג.) פ. מ. לעבענזאהן וועלכע האלט אין אדעס א מעדכען־שולע, האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צום דעם לעהר־קאמיסיאן, מען זאל ערלויבען צו עפענען ביי איהר שול איין פעדאגאגישע אבטהיילונג, אין וועלכער יודישע מיידלעך זאלען זיך קענען צו גרייטען צו ווערען הויז־לעהרערינען. די לעהר־קאמיסיאן האט איהר בקשה אבגעזאגט.

— (ניעקראלאג.) אין גראדנא איז געשטארבען א בערידהמטע יודישע פרוי חיה שרה ברעגמאן, די אלמנה פון דעם יודישען גביר אליעזר ברעגמאן. מעהר ווי מיט איהר עשירות איז זי געוועזען בערידהמט מיט איהרע צדקות; דאס רוב צדקות, וואס איהר פערשטארבענער מאן האט צוטהיילט איז געוועזען מיט איהר ידיעה און נאך איהר וואונש, און זי אליין האט אויך פיעל צדקות געטהיילט. פארען שטארבען האט זי אפגעזאגט 6,000 רובעל פאר ארימע יודישע פאמיליען.

— (געהרגעט צו ליעב 15 רובעל) אין א וואלד נישט ווייט פון פליסקאוו (קיעוו. גוב.) האט מען געפונען א פרוי מיט איהרע איין איינינקעל געהרגעטע. די רוצחים, צוויי יונגע פויערין, האט די פאליציי געחאפט און זיי האבען זיך באלד מודה געוועזען, אז זיי האבען די ביידע פרויען געהרגעט און צוגענומען ביי זיי 15 רובעל. די רוצחים האט מען אין קייטען אוועק געפיהרט אין אסטראג.

(געגען דעם שענדליכען האנדעל). אין האמבורג זענען זיך אין פארינגען מאנאט צוזאמענגעקומען די גרעסטע און וויכטיגסטע חברים פון פערשיעדענע יודישע חברות זיך צו האלטען איין עצה ווי אבצוהאלטען דעם האנדעל מיט יודישע מיידלעך. צווישען די פערזאמעלטע זענען גע־וועזען מיטגליעדער פון דער חברה „כל ישראל חברים", יק"א און אנדערע וויכטיגע חברות. די אספה האט געדויערט פון 11 ביז 3 דעם זייגער ביי נאכט, און אלע האבען צוגעזאגט צו ארבייטען מיט אלע כחות אויס־צוראטען דעם דאזיגען שענדליכען האנדעל.

# א קינדערשע הארץ.

(ערצעהלונג).

I.

חיים'ל איז געקומען פון חדר אהיים.

פאר דער שטוב זענען געשטאנען עטליכע מענשען און האבען שטיל גערעדט צווישען זיך; די מומע פייגע, וועלכע קומט צו חיים'לס עלטערען פון איין יום טוב צום צווייטען, איז איצטער אויך דא און ווען חיים'ל לאזט זיך אריינגעהן אין שטוב לויפט זי איהם אקעגען גיט איהם בייגעלעך און פיהרט איהם אוועק אין א בעזונדער צימער.

— דו וועסט שוין היינט ניט געהן אין חדר, זיטץ דא שטיל, געה ניט אין ערגיץ, איך וועל באלד קומען צו דיר וועל איך דיר נאך עפּיס געבען גוטע זאכען, זאגט די מומע און געהט אוועק און פער־מאכט אונטער זיך די טהיר.

חיים'ל עסט די בייגעלעך וועלכע ער האט אזוי ליעב, ער איז צופריעדען ער וועט מעהר היינט ניט געהן אין חדר, ער האט אזוי ליעב די מומע פייגע וועלכע גיט איהם גוטע זאכען. נאר וואס שטעהען דא איצט ארום זייער שטוב אזוי פיעל מענשען? וואס טהוט היינט דא די מומע פייגע, עס איז דאך היינט ניט יום טוב. פאר וואס האט איהם די מומע ניט געלאזט געהן צום טיש עסען מיטאג; פאר וואס האט מען איהם דא ווידער געלאזט אליין? נאר פלוצים דערהערט ער א רעש נעבען דעם פענסטער, ער שטעלט זיך אויף די שפיץ פינגער און זעהט ווי מען טראגט עפּיס אויף דרענגלעך איבערגעדעקט מיט א שווארצען שאל און אלע לויפען נאך גיך, גיך, — מען איילט זיך. ווי א ווינט איז דער רעש באלד איבערגעלאפען און עס איז ווידער שטיל געווארען. חיים'ל הויבט זיך אן שרעקען נאר עס עפענט זיך די טהיר און די מומע קומט אריין און גיט איהם ווידער גוטע זאכען.

*

פאר נאכט דאווענט מען ביי זיי אין שטוב.

נאך דעם דאווענען קומט צו דער פעטער משה מיט זיין לאנגע בארד און נעהמט חיים'לען, ער שטעלט איהם אויף א בייגקעל, ער נעהמט אן זיין קליין קינדערש בערדיל מיט זיינע צוויי גראבע פינגער אויסגעשמירט פון טאבאק און רופט זיך אן:

— זאג חיים'ל, יתגדל... זאג ויתקדש שמיה רבה... זאג חיים'ל, ובזמן קריב... זאג... חיים'ל זאג. שווער דרעהט זיך ביי איהם דאס צינגעל אין מויל נור ער פאלגט, זאגט נאך ווארט ביי ווארט און קוקט אויף דעם פעטער משה'ס לאנגע גרויע בארד...

דער עולם זאגט נאך „יהא שמיה רבה", עס הערט זיך א שטיל חליפען פון ווייבער און דעם פעטער משה'ס צוויי גראבע פינגער לאזען ניט אב חיים'לס בערדיל און ער קוקט ווידער אויף דעם פעטערס גרויער בארד און זאגט נאך...

נאך דעם דאווענען האט חיים'לס מאמע איהם גענומען צו זיך און אנגעהויבען קושען און האלדזען מיט טרערען אין די אויגען.

— מיין טייער קינד, מיין נחת, מיין לעבען, מיין גאנצע וועלט, דו אליין ביזט מיר געבליבען — מיינע ביינער זאלסט דו איבערלעבען.

און חיים'ל פיהלט זיך גוט און גליקליך אזוי נאהענט נעבען דער מאמען, עס איז אזוי מחיה'דיג אין אלע אברים, ער טולעט זיך נאך נאהנטער צו דער מאמען, ער קושט זי אין פנים, אין די הענד און וואו ער געפינט נור איין ארט וואו צו קושען.

— מאמע, איך האב דיך אזוי ליעב! הערט חיים'ל ניט אויף צו זאגען און זעהט ווי דער מאמעס ברילאנטענע אויגען קוקען אזוי אויף איהם און עס איז איהם אזוי גוט, מחיה'דיג... ער קוקט אזוי לאנג אויף דער מאמען ביז ער ווערט איינגעדרימעלט נעבען איהר מיט א קינדעריש גליקליכען שמייכעל אויף די ליפען.

## II.

חיים'ל איז ווידער געקומען פון חדר אהיים.

עס שטעהען ווידער מענשען ארום זייער שטוב. די לאדען פון די פענסטער זענען צוגעמאכט דורך וועלכע עס שיינט א ליכטיגקייט. ער וויל אריין געהן אין שטוב נאר עס שטעהט דער שמש פון שול און לאזט איהם ניט, גלייך מיט אלע אנדערע יונגעלעך, ווייבלעך און דינסטמיידלעך וואס ווילען זיך אויך אריינשטופען; זיי שטעלען זיך ביי די לאדען און מען קוקט אריין אין די שפארינעס. מען קוויטשעט פון געלעכטער און מען ווערטעלט זיך. חיים'ל שטופט זיך אויך צווישען דער חברה און דערשלאגט זיך צום לאדען. ער שטעלט זיך אויף די שפיץ פינגער און קוקט און זעהט דורך די שפארינעס ווי ביי זיי אין מיטען שטוב שטעהט פיער דרענגלעך איבערגעצויגען מיט א טוך, אין מיטען שטעהט זיין מאמע מיט א פרעמדען יודען.

עפיס האט זיך פלוצים חיים'לען אבגעריסען פון הארצען, עס האט איהם עפיס אזוי שטארק וויי געטהון אז ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און זיך שרעקליך צו וויינט און צו חליפעט.

אויף זיין געוויין איז אנגעלאפען די מומע פייגע מיט א נייע ליכטיג זיידען טיכעל אויף דעם קאפ און איהם אריינגעפיהרט אין א בעזונדער צימער, זי האט איהם ווידער געגעבען ביינעלעך מיט גוטע זאכען, נור חיים'ל האט איצטער ניט געגעסען.

ווען זיין מאמע איז צו איהם אריינגעקומען איז ער שוין געלעגען אויף זיין בעטעל, זי האט איהם געקושט און געהאלדזט נור ער האט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף דעם נייעם זילבערנעם פינגעריל וואס ער האט דערזעהן אויף איהר פינגער. איהרע אויגען האבען שוין פאר איהם ניט געבריליאנטעוועט, ער האט געזעהן גלעזערנע אויגען פון וועלכע עס איז איהם קאלט געווארען אין יעדען אבר.

חיים'ל וויל עפיס זאגען דער מאמען, ער וויל רעדען, נור דאס מייליכיל פערקרימט זיך, די אויגען פילען זיך אן מיט טרערען און דאס הערציל הויבט אן צו פלאטערען און שיסט אוים מיט א געוויין...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מ. ספעקטאר.

---

# קינדערשע עקשנות.

פון ד"ר ח. ד. הורוויץ.

(פארטזעטצונג)

די עלטערען פארשטעהען אפט ניט, אז דאס קינד פיהלט זיך אין זיין אייגען וועלטיל, צווישען קינדער, טהיילמאלס צווישען די שטומע מעבעל פון שטוב א סך בעסער, גליקליכער, פרייער ווידער אין דער פרעמדער וועלט פון גרויסע מענשען, פאר וועלכע ער האט אפט פשוט, אביסיל מורא... זיי מישען זיך אפט אומגעבעטענערהייט אין זיין קינדערשער וועלטיל אריין. זיי רייסען אפ דאס קינד פון זיינע שפיעלען, זיי ציעהען איהם מיט געוואלד צו זיך, זיי קושען איהם, שלעפען איהם אין אלע זייטען; זיי ווילען, אז דאס קינד זאל זיי פערשאפען פרייד, נחת; זיי ווילען הנאה האבען פון זיינע חכמות, פון זיין לשון — און זיי צושטערען איהם זיין רוהע, זיין שפיעל, זיין גליק...

נאטירליך איז גאר קיין וואונדער, ווען דאס קינד וויל ניט אונזערע ליבשאפט, אונזער רעדען, אונזערע שפיעלען מיט איהם, און ער ענטפערט אויף אונזערע לאסקעס און צושטעהעניש צו איהם — מיט קאפריזען און עקשנות...

א קינד — איז פיעל פרייער פון אונז, עלטערע מענשען, און ליעבט די פרייהייט א סך מעהר ווי מיר. עס האט ליעב ארומלויפען, בעוועגען זיך, פריילאך זיין, טאנצען און שרייען — ווייל עס פיהלט אין זיך פרישע יונגינקע כחות; און די כחות זוכען פאר זיך א בעשעפטיגונג און פרייע בעוועגונגען; אונז אבער שטערט אפט זיין געשריי, זיינע פרייהייט; מיר ווילען, אז דאס קינד זאל פיין זיין, שטיל און רוהיג שפיעלען, עס זאל זיך קענען בעהערשען, אט ווי מיר, גרויסע. און מיר בייזערן זיך און שרייען אויף איהם, וואס ער שטיפט, לויפט ארום צו פיעל, און דאס קינד ווערט ברוגז, ווערט קאפריזנע, ווערט איין עקשן...

דער שכל פון א קינד איז וועניג ענטוויקעלט, עס פערשטעהט ניט דעם אונטערשייד פון „היינט" און „מארגען", פון „נאהענט" און „וייט". — אין זיין שעניגקער קינדערשער וועלטעלע הערשט נור דער „היינט", דאס „נאהענטע"... זאגט א קינד, איהר וועט איהם געבען עטוואס מארגען, דאס קינד פערשטעהט עס ניט; דערצעהלט איהם א שענע מעשה, וואס איז געוועזען א מ א ל, פ א ר צ י י ט ע ן — דאס קינד פערשטעהט עס גאנץ אנדערש: די מעשה איז פאר איהם א לעבעדיגע מעשה, א מעשה פון היינט — דערפאר ליעבט א קינד אלערליי מעשות, און ווערט אזוי נתפעל פון אלץ, וואס מען דערצעהלט איהם... א קינד קען גאנץ ערענסט, גאר באמת וועלען, אז מען זאל איהם אראפנעהמען די שענע לבנה פון הימעל, ווארום ער פערשטעהט ניט, אז די לבנה איז וייט, און מען קען זי ניט דערלאנגען... איהר ווילט אמאל אנטהון נחת אייער קינד און איהר דערצעהלט איהם, אז דער פאטער, דער זיידע אדער די מומע וועלען איהם שיקען א פערדיל פון ויען אדער פעטערבורג — דאס קינד וויל דאס פערדיל האבען אט שוין, תוך כדי דבור, אין דער מינוט — זיין יונגינקע פאנטאזיע שילדערט איהם דאס פערדיל — און עס בעט דאס פערדיל, און ווי באלד איהר קענט איהם דאס ניט געבען וויינט ער טאקי און עקשנ'ט זיך...

שולדיג אבער דעריגען איז ניט דאס קינד, נאר טאקי איהר אליין...

יעדעס קינד ליעבט נאכצוטהון וואס גרויסע טהוען, אבער פאר דעם קינד איז דאס נאכגעטהאנענע — א שפיעל, א פערגעניגען. ער פערשטעהט ניט די שווערע זארגען פון לעבען, ער פערשטעהט ניט

די בּיטערע זייטען פון יעדער אַרבּייט — ער מאַכט נאָך דאָס לעבּען און די אַרבּייט פון זיינע עלטערען. אָבּער דאָס דאָזיגע לעבּען, און אַרבּייט, איז פאַר איהם — אַ פּרייעס, שעגעס, שפּיעל. דאָס קינד פּרובּט זיך קאָכען, נעהען, שניידען, וואַשען, לייגען — שרייבּען, דערבּיי בּרעכט ער און שטעכט, רייסט און וואַרפט — און דווקא דאָס בּרעכען און שטעכען, דאָס רייסען און וואַרפען מאַכט איהם פיעל פערגעניגען, וואָרום ער זעהט אין דעם זיינע גרויסע קראַפט, זיין כּח, ער געפינט דערינען אַ שענע שפּיעל... מיר אָבּער פערשטעהען אָפט אויך דאָס קינד ניט, מיר שרייען אויף איהם, און דאָס קינד פערטיידיגט זיך און ענטפערט אונז — מיט קאַפּריזען און עקשנות...

דאָס קינד איז אַ סך מעהר נייגיעריגער פאַר אונז, גרעסערע מענשען. מיר גרויסע מענשען, געוועהנען זיך צו אַלץ, וואָס מיר זעהען, און מיר פרעגען גאָר קיין קשיות ניט און וואונדערען זיך ניט מעהר. מיר זעהען, למשל, יעדען טאָג, ווי די זון געהט אויף, פאַרגעהט; מיר זעהען די שענע לבנה און מיליאָנען שטערען — אויף דעם שענעם נאַכטהימעל, און אונז קומט דאָס פאַר אַלעס ווי געוועהנליכע זאַכען, און מיר פרעגען גאָר נישט... ווי פיעל מענשען ווייסען עד היום ניט, פאַר וואָס געהט די זון אויף, פאַר וואָס געהט זי אונטער. וואָס איז אַזוינס די לבנה, וואָס זענען שטערען, פונדעסטוועגען פרעגען זיי שוין גאָר נישט, ווייל זיי זעהען דאָס אַלע טאָג און האָבּען זיך דערצו געוועהנט... דאָס קינד איז אָבּער נאָך יונג, פאַר איהם איז די גאַנצע וועלט נאָך ניי, ער פיהלט אַ סך בּעסער פון אונז די גאַנצע וואונדער־ליכקייט פון דער וועלט, און עס גיט אונז קיין רוהע ניט מיט טויזענדער־קשיות און פראַגען... ווי אָפט ווערען מיר אין כּעס אויף אונזערע קינדער, וואָס זיי דערעסען אונז מיט זייערע ווילדע קשיות, ווי אָפט שטויסען מיר זיי אָפּ פון זיך מיט פערדרוס, מיט רוגזא — בּיי דעם קינד אין הערצעל שטילען זיך אָבּער דורך דעם די קשיות ניט איין, זיי מוטשען און רייסען זיין קינדערשע נשמה׳לע און ער וויינט און שרייט, און עקשנ׳ט זיך, — און עקשנ׳ט זיך אָפט אָהן וועמער, אָהן רייד, וואָרום עס זעהט דאָך, אַז רייד העלפט ניט, אַז מען פאַרשטעהט איהם גאָר ניט...

(ענדע קומט).

## פאַר די מוטערס.

### ווי אַזוי אָבּצוהיטען קינדער פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען.

איינע פון די גרעסטע זאָרג, וואָס די מענשהייט האָט איז, ווי אַזוי מען זאָל אָבּהיטען קינדער פון די קראַנקהייטען, וואָס נעהמען צו אַזוי פיעל קרבּנות. דאָס רוב פון די קראַנקהייטען זענען שווער און אַנשטעקענד, ווי למשל: שאַרלאַך, פּאָקען, מאָזער׳ן (מאָזלען), דיפטעריטוס און קייכהוסט (קאָקלוש). בּכן פערשטעהט זיך, אַז כּדי די קראַנקהייטען זאָלען זיך נישט פערבּרייטען, מוז מען דאָס קראַנקע קינד האַלטען גאַנץ בּעזונדער, איינס אַליין. אין רייכע הייזער קען מען דאָס לייכט אויספיהרען, וואָרום מען קען אָבּטהיילען פאַר דעם קראַנקע קינד איין, אָדער צוויי צימער; אין אָרימע הייזער איז שוין דאָס אָבּזונדערן נישט אַזוי לייכט, מען מוז דאָס קראַנקע קינד געבּען אין שפּיטאַל אַריין, קיין אַנדערע עצה איז נישט דאָ.

אויסער דעם, וואָס מען האַלט דאָס קראַנקע קינד בּעזונדער פון די איבּעריגע קינדער, מוזען מיר זיך אויך בּעמיהען צו פערטילגען די מיקראָבּען (קליינע בּעשעפּעניסען, וואָס מען קען זיי מיט דעם בּלויסען אויג נישט דערזעהען) פון די קראַנקהייטען, וואָס געהן אַרויס פון דעם קראַנקען צוזאַמען מיט אַלעם, וואָס געהט אַרויס פון דעם קראַנקענס גוף.

אום די קראַנקהייטען זאָלען זיך נישט פערבּרייטען מוז מען אַלזא היטען די כּללים:

1) מען בּרויך זיך צו דערוויטערן פון דעם אָרט, וואו די מיקראָבּען געפינען זיך, נישט געהען צו די קראַנקע, נישט אַריין לאָזען צו זיך די מענשען, וואָס זענען בּיי די קראַנקע, נישט אַריינגעהמען אין שטוב קיין זאַך פון דעם הויז, וואו עס געפינט זיך אַ קראַנקער.

2) ווען איין קינד ווערד קראַנק, זאָל מען עס אָבּטהיילען פון אַנדערע קינדער.

3) בּשעת עס געפינט זיך אַ קראַנקער אין הויז, מוז מען זעהען, אַז די דירה, דאָס בּעטגעוואַנד, דער גוף, די לופט אין שטוב, א. ד. ג. זאָלען זעהר ריין זיין.

4) ווען מען שיקט קינדער אין שולען, מוז מען גוט אַכטונג געבּען, צו זיי זענען געזונד, כּדי זיי זאָלען נישט איבּערטראָגען די קראַנקהייט אויף אַנדערע קינדער.

5) קינדער שפּיעלצייג מוז מען האַלטען ריין; פון קראַנקע קינדער זאָל מען קיין שפּיעלצייג נישט געבּען געזונדע קינדער.

## פאַר די בּעל־הבּית׳טעס.

אַמיטעל אָבּצוהיטען עופות פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען.

אויבּ אין איין אָרט ווייזט זיך אַ מגפה אויף עופות, זאָל מען נעהמען אַ קאַפּע־לעפעלע נאַטרום סאַליציליקום (Natrum Solicylicum), אַריין שיטען אין אַ שיסעל וואַסער און געבּען די עופות צו טרינקען. דאָס וואַסער ווערען די עופות טרינקען גערן, אַזוי ווי געוועהנליך וואַסער. נאָך בּעסער איז אַנידער צו שטעלען די שיסעל וואַסער בּיי דעם עסען, וואָס מען גיט די עופות, וואָרום די עופות טרינקען צו בּשעת זיי עסען.

דאָס מיטעל איז בּיליג, אין יעדער אַפּטייק קען מען עס בּעקומען פיר 10 קאָפּ. און עס קלעקט אויף עטליכע וואָכען אפילו פיר הונדערט עופות. —

## אַלערליי.

(אַ ר י נ ג א י ן מ אָ ג ע ן). אין לאָדז האָט מיט פיער יאָהר צוריק פרוי צ. זיך צוגעגרייט געהן מיט אַ וויזיט צו איהרען אַ קרוב, דערבּיי האָט זיך אָבּער איהרע אַ מיידעלע פון אַ יאָהר שטאַרק צו ווייִנט. די מוטער האָט איהר געגעבּען איהר טבעת קדושין צו שפּיעלען מיט איהם. דאָס מיידעל האָט שפּיעלענדיג מיט דעם רינג איהם איינגעשלונגען; ווי פיעל די דאָקטוירים האָבּען זיך נישט בּעמיהט, דען רינג אַרויסצונעהמען, האָבּען זיי בּשום אופן נישט געקענט. מיט פיער יאָהר שפּעטער האָט דאָס מיידעל אָנגעהויבּען הוסטען; זי האָט געפיהלט, אַז עס שטיקט איהר אין האַלז. איינמאָל האָט זי פלוצים אָנגעהויבּען בּרעכין און אין דאָס אויסגעבּראָכענע האָט זיך געפונען דער רינג, וועלכען זי האָט פאַר פיער יאָהרען איינגעשלונגען. דער רינג איז נאָך גאַנץ. ער איז נאָר שוואַרץ און אַ ביסעל פלאַטשיג געוואָרען.

Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau.